MICROFORM

## ד. טשארני.




# די פאַרכּישופטע קרעטשמע

ביבליאָטעק
„גרינינקע ביימעלעך".

ארויסגעגעבן דורך דער
צענטר. ייד. שול־אָרג. ווילנע.

אויסגאַבע פון דער ייד. צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע. 1921.

ד. טשארני.



# די פֿאַרכּישופֿטע קרעטשמע

צווייטע אויפֿלאַגע.

ביבליאָטעק „גרינינקע ביימעלעך“,
ווילנע 1921.



# די פארכשופטע קרעטשמע

### 1.

ווי אזוי חיים סאלדאט פארבלאנדזשעט זיך.



ייט זיך איינמאל א סאלדאט, וואס איז גע-
וועזן אין געפאנגענשאפט, צוריק אהיים, פייפט זיך אונטער א לידל און טראכט ביי זיך:

— צי וועל איך כאטש געפינען די מייניקע גאנץ און געזונט. שוין אזוי לאנג ניט געזען זיך! אגב, דארף שוין באלד זיין מיין „שטעטעלע"... און ביי דעם דאזיקן געדאנק איז אים געווארן אזוי פריי-לאך אויפן הארצן, אז ער האט זיך פאררויכערט זיין ליולקעלע און נאך מיט מער אימפעט זיך גע-לאזט גיין איבערן שליאך, וואס האט געפירט אין א געדיכטן וואלד אריין.

דער סאלדאט האט געוואוסט, אז ווי נאר ער וועט דורכגיין אט דעם וואלד — דערזעט ער שוין זיין שטעטעלע און אפשר אויך דעם דאך פון זייער הויז, וואס איז געשטאנען אויף א בערגל.

דאָס האַרץ האָט אים גענומען קלאַפּן פאַר פרייד און ער האָט שוין אַפילו אָנגעהויבן צוטראַכטן די ערשטע ווערטער, וואָס ער וועט זאָגן, ווען ער וועט אַריינקומען אין שטוב.

אים איז איינגעפאַלן, אַז די שטיביקע וועלן אים ניט דערקענען, ווייל פאַר די עטלאַכע יאָר, וואָס ער איז געווען געפאַנגען אין אַ פרעמדן לאַנד, האָט ער זיך שטאַרק אומגעביטן. ערשטנס האָט ער אַראָפּגענומען די באָרד זיינע און איז יינגער געוואָרן אַוודאי אויף אַ יאָר פינף, צווייטנס איז ביי אים פאַר-בליבן אויף דער רעכטער באַק אַ גרויסער שראַם פון אַ קויל און ווייבאַלד אַזוי—וועט ער זיך גאָר פאַר-שטעלן פאַר אַן אַנדערן און קומען פלוצעם צו די ווייניקע אָפּגעבן ניט מער ווי אַ גערוס פון חיימען (אַזוי האָט מען גערופן דעם סאָלדאַט) און אָנזאָגן, אַז ער, חיים הייסט עס, וועט גאָר אינגיכן קומען צוריק אַהיים.

ניט זיך אַזוי חיים סאָלדאַט פאַרטיפט אין עינין, ווי אַזוי ער וועט דאָס אויסנאַרן די שטוביקע, כדי זיי זאָלן זיך נישט דערשרעקן פון זיין פלוצלונגן קומען און ער באַמערקט גאָר ניט, ווי ער קריכט אַראָפּ פון בריטן וועג אויף עפּעס אַ שמאָל סטעזש-קעלע אין וואַלד אַריין, וואו די ביימער זיינען אַזוי

געדיכט איבערגעפלאָכטן אײנע מיטן אַנדערן, אַז
זיי לאָזן ניט דורך קיין איין אײנציקן זונענשטראַל.

און ווער ווייס, צי דער סאָלדאַט וואָלט גאָר
באַמערקט אַזוי גיך, אַז ער האָט זיך פאַרבלאָנדושעט,
ווען ער פאַרטשעפּעט זיך ניט אָן אַ וואָרצל פון אַ



בוים, וואָס איז געווען באַהאַלטן אונטערן הויכן גראָז און פאַלט אַנידער. דערביי איז אים אַרויסגעפאַלן די ליולקע פון מויל און דער רויך, וואָס איז אים פריער פאָרויס געגאַנגען, ווי אַ ווייסינקער וואָלקנדל איז צערונען געוואָרן.

דאָ האָט זיך דער סאָלדאַט אַרומגעזען, אַז ער איז אַראָפּ פון וועג, אַז ער האָט זיך, קאָנטיק, פאַר-בלאָנדזשעט און זיך גענומען אַרומקוקן, וואו ער איז אין דער וועלט.

אָבער וואָס מערער ער האָט זיך אַרומגעקוקט, אַלץ שווערער איז אים געוואָרן אויפן האַרצן, ווייל די פאַרבלעטערטע, געדיכטע צווייגן האָבן ניט דורכ-געלאָזן קיין איינציקן שטראַל, און חיים סאָלדאַט האָט געמיינט, אַז ס'איז שוין גאָר שפּעטלאַך און ווי וועט ער דאָס ביינאַכט געפינען דעם וועג?

אַ סאָלדאַט אָבער טאָר ביי זיך קיינמאָל ניט אַראָפּפאַלן, נעמט ער און פאַררויכערט ווידער אַמאָל זיין ליולקעלע, האָט זיך ווידער אַמאָל באַ-וויזן איבער זיין קאָפּ אַ רויך, ווי אַ ווייסינקער וואָלקנדל, וואָס האָט אים ווי אָנגעהויבן ציען און רופן נאָך זיך און חיים איז טאַקע נאָך אָט דעם וואָלקנדל אַוועק ווייטער אין וואַלד אַריין זיך זוכן אַן אויסוועג.

## .2

## חיים געפינט אַ קרעטשמע.

בלאָנדושעט אַזוי חיים כּאָלדאַט אַ שעה צוויי, צי אפשר נאָר אַ גאַנצן האַלבן טאָג, ווייל ער האָט בײַ זיך ניט געהאַט קיין ווײַגער און די זון איז פון אים אויך געווען פאַרבאָרגן.

ער האָט זיך נאָר געחידושט וואָס אין וואַלד זעט אויס, איז שוין פאַרנאַכטלאַך און דאָך פּאַלט ניט אָן די נאַכט אַזוי לאַנג.

באַלד אָבער באַמערקט ער פונדערווייטן, אז עס הייבט אָן צו ווערן ליכטיקער. פאַרשטייט ער, אַז דער וואַלד ענדיקט זיך. האָט ער גענומען גיין האַסטיקער. די ביימער האָבן גענומען ווערן שיטע=

דער און שיטערער און אָט זעט ער שוין פאַר זיך אַ ברייטן, פאַרוואַקסעניעם פעלד און ווייט אויפן פעלד שטייט עפּעס אַ הויז. איז אים פריילאַך געוואָרן אויפן האַרצן: דערשלאָגן זיך, הייסט עס, צו אַ שליאַך. וואו ס׳וואוינען מענטשן און ער וועט זיך באַלד דערקונדיקן, וואו ער איז אין דער וועלט.

דערווייל איז שוין טאַקע אויפצודעראָמהן צוגעפאַלן דער אָוונט. די זון איז שוין געווען אינגאַנצן פאַרגאַנגען. די ליולקעלע זיינע האָט זיך אויך אויסגעלאָשן און דער ווייסינקער וואָלקנדל, וואָס האָט אים פריער ווי געוויזן דעם וועג איז ווי צערונען געוואָרן.

חיים־פּאָלדאַט האָט נאָר דערזען, ווי פון הינטערן שטוב הייבט זיך אויף אַ קיילאַכדיקע רויטלאַבע לבָנָה, וואָס וואָלט אים ווי אַנטקעגנקומען מיט אַ קאַלטלאַכער בשורה.

ווען חיים־פּאָלדאַט איז צוגעגאַנגען גאָר נאָענט צום שטוב—דערזעט ער אַ גאַנץ גרויסן שוואַרצן באָק, וואָס באַגעגנט אים זייער ניט פריינדלאַך. דער באָק, קאָנטיק, וויל אים געבן אָנצוהערעניש, אַז אויב נאָר חיים וועט ווען קומען אין שטוב אריין — וועט ער אים ניטשט דערלאָזן מיט זיינע הערנער.



אָבער חיים פּאַלט ניט אַראָפּ בײַ זיך, פּרוּווט ער דעם באָק אָפּטרײַבן און ער נעמט זיך פאַרן קליאמקע. נאָר די טיר, לאָזט זיך אויס, איז צוגעשפּאַרט. טראַכט ער, אַז די באַלעבאַטים פון שטוב אַרבעטן נאָך געווים אויפֿן פעלד און וועלן באַלד אָנקומען. נעמט ער און זעצט זיך אַוועק אויפֿן פּריזבע אָפּ-וואַרטן.

זיצט חיים אויפֿן פּריזבע, באַטראַכט דעם באָק, דאָס נעמט נישט אַראָפּ פון אים די אייגן, און ס'איז אים עפּעס געוואָרן שווער אויפֿן האַרצן.

חיים האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען, אַז אַ באָק זאָל האָבן אזעלכע מאָרנע, בייזע אויגן און זאָל האלטן אין איין דראָען מיט די הערנער, פונקט ווי עמיצער וואָלט אים וועלן שלעכטס טאָן. און חיים־סאָלדאַט וויים אַליין נישט פאַרוואָס עס פאַלט אים פלוצלונג איין זיך צו דערמאָנען אָן זיין שווער און שוויגער, וואָס זיינען געווען זייער קאַרגע און שלעכטע מענטשן און האָבן אים זייער געפּייניקט, ער זאָל האָרעווען אויף זיי און פאַרדינען זיי וואָס מער געלט. חיים האָט זיי פון תמיד אָן פיינט געהאַט, ווייל זיי פלעגן פייניקן ניט נאָר אים אַליין, נאָר אויך די ווייב זיינע, ריזלען, אַלעמיי זי נייט זיך אויף ווען עס איז אַ ניי קליידל אָדער קויפט פאַר אים אַ ניי היטל.

זייער גאַנצער חיות איז געווען צו שפּאָרן און קלייבן געלט, און ווען חיים איז אַוועק אויף מילחמה און נאָכדעם גענומען געוואָ־ן אין געפאַנגענשאַפט — האָבן זיי אים קיין איינציקן גראָשן ניט געשיקט. אַזוי קאַרג און שלעכט זיינען זיי געווען. און חיים־סאָלדאַט מוז זיך מודה זיין, אַז ער האָט ביי זיך שוין ניט איינמאָל אַ טראַכט געטאָן, ווי גוט ס'וואָלט געווען, ווען ער קאָן פון זיי גאָר אינגאַנצן פטור ווערן און לעבן פאַר זיך מיט זיין ריזלען און מיטן קינד אַ שטילן רואיקן, לעבן.

אָבער איצטער האָט ער זיך אַליין פאַרשעמט פאַר זיינע אַמאָליקע געדאַנקען און אַ טראַכט געטאָן ווי גוט ס'וואָלט געווען, ווען ער זיצט זיך דאָס איצטער אינדערהיים און ווי אַלע וואָלטן זיך געפרייט איינע מיט די אַנדערע.

ביי דעם דאָזיקן געדאַנק האָט זיך חיים סאָלדאַט אויפגעהויבן פון פריזבע, ווייל אין דרויסן איז שוין גאָר קאַלטלאַך געוואָרן און ער האָט זיך נאָך אַמאָל אַ נעם געטאָן פאַר דער קליאַמקע.

דערביי אָבער האָט אים דער באָק געגעבן הינטער אַרום אַזאַ שטויס מיט די הערנער, אַז חיים סאָלדאַט איז שיר ניט אומגעפאַלן נישט אַזוי פון קלאַפּ, ווי פאַר שרעק.

איז חיים אַזוי אין כעס געוואָרן, אַז ער האָט מיטן גאַנצן איספּעט געגעבן אַ שטופּ די טיר און זי האָט זיך, ווי פון זיך אַליין געגעבן אַן עפן אויף ביז דער סאַמע וואַנט.

דער שוואַרצער באָק האָט אויך געוואָלט אַריינכאַפּן זיך אין שטוב אַריין. נאָר חיים האָט באַוויזן צוצוקלאַפּן די טיר הינטער זיך און איז געבליבן שטיין איינער אַליין אין אַ גרויסן קרעטשמע-צימער.

## 3.

## די ערשטע נאכט אין קרעטשמע.

אין צימער, וואו חיים סאלדאט איז גע־
בליבן שטיין, איז שוין געווען האלב פינ־
סטערלאך. דאך האט ער דערזען, אז
ביי איין וואנט שטייט א גרויסער דעמבענער טיש
מיט צוויי לאנגע בענק ביי די זייטן און לעבן דער
אנטקעגנדיקער וואנט שטייט א הייכע בעט מיט א פולע
קישנס און הארט ביי די קישנס, זעט ער, זיצט א
שווארצע הון. איז חיימצן איינגעפאלן, אז די הון וויל
זיך מיסתמא לייגן און דערפאר זיצט זי אויפן בעט.

דעם אמת געזאגט האט חיים סאלדאט אביסל
מקנא געווען דער הון, וואס זי זיצט זיך אזוי הרחבעדיק
אין בעט. ער וואלט זיך אליין מיט גרויס פאר־
גניגן ארײנגעווארפן איצטער אין בעט און זיך אפ־
גערוט נאך דעם שווערן טאג. אבער ווי קען מען דאס
טאן אין א פרעמדער שטוב. יעדע ווילע קען דאך
עמיצער אנקומען און זיך איבערשרעקן.

נעמט ער און זעצט זיך אוועק אויף א באנק,
וואס לעבן לאנגן טיש, האט ארויסגענומען פון זעקל



זײַן לעצטן שטיקל ברויט, מיט גרויס אַפּעטיט איז איפּגעגעסן און באַלד טאַקע אָנגעשפּאַרט זײַן קאָפּ אויף די צוויי פאַרלייגטע הענט אויפן טיש און איז געשמאַק אײַנגעשלאָפן.

אַזוי פאַרמאַטערט איז ער געווען פון טאָג בלאָנדזשעניש.

כ׳איז אים אָבער ניט באַשערט געווען צו האָבן אַ רואיקע נאַכט. ווייל ווי נאָר ער איז אײַנגעשלאָפן האָבן זיך אים אָנגעהייבן פּלאָנטערן פלערליי שווערע חלומות, פּונקט ווי ניט־גוטע וואָלטן דאָ מיט אים שפּאַס געטריבן.

דאָ דערזעט ער דאָס מילחמה־פעלד און אַמ־

אָט פליט אויף אים אָן דער שונא מיט אַ בלאַנקן שווערד; דאָ שווימט גאָר פלוצלינג פאַר אים אַרום רייזל, די ווייב זיינע, קושט אים און בעט אים, ער ער זאָל אָפּטע ברייוועלאַך שרייבן און ניט פאַריבל האָבן אויף איר טאַטע־מאַמען, וואָס זיינען געווען אַזוי עלעכט, צו אים; דאָ פלוצלינג קומט צו אים דער טאַטע זיינער פון יענער וועלט און זאָגט אים אָן, ער זאָל ביי זיך ניט אַראָפּפאַלן און זיך נישט דערשרעקן פאַר קיין זאַך, כאָטש ער וועט דאָ האָבן זייער אַ סך אויסצושטיין און פלוצלינג גאָר שטעלט זיך אים אַוועק דער שוואַרצער באָק אַנטקעגן, טרייסלט מיטן בערדל און דרייט מיט די הערנער ווי ער וואָלט וועלן היימען דורכשטעכן, און אָט טאַקע גיט ער היימען מיט איין האָרן אַזאַ מין קיצל אונטערן זייט, אַז יענער מוז אויפשרייען פאַר ווייטיק.

חיים־כאָלדאַט האָט זיך טאַקע אויפגעכאַפּט פון זיין אייגענעם געשריי, האָט די אויגן געעפנט און דער־זען, אַז אין קרעטשמע־צימער איז שוין גאַנץ ליכטיק און ס'איז שוין טאָג, האָט ער זיך דריי מאָל אָפּגע־שפּיגט פון דער שווערער נאַכט, וואָס ער האָט דאָ געהאַט.

אים פלעגן זיך קיינמאָל ניט חלומען אַזעלכע שווערע חלומות, ווי די היינטיקע נאַכט! ס'איז אָבער

גוט, וואָס דער באַק איז דאָ ניטאָ.

ער האָט דאָך אים אַזוי איבערגעשראָקן.

אָבער וואו זיינען דאָ די מענטשן? פאַר דער נאַכט, לאָזט זיך אויס, איז דאָ קיינער ניט געקומען. אַלץ ווי געווען, אַפילו די שוואַרצע הון זיצט נאָך פון נעכטן אָן אויפן בעט.

— אַ מאָדנע געשיכטע, טראַכט בײַ זיך חיים, מ'דאַרף זיך ווי ס'איז אַרויסדרייען פון דאַנען, אָבער ביז וואַנען וואָס-ווען מוז מען עפעס צובײַסן, כ'בין אַזוי הונגעריק, אַזוי הונגעריק!

דאָ פאַלט חיימען איין, אַז ער וועט אויסטרינקען די איי, וואָס די שוואַרצע הון האָט געלייגט. אַ פרישע איי קרעפטיקט זייער און זעטיקט. נעמט ער און לאָזט זיך גיין צום בעט אַרויסצונעמען די איי פון אונטער דער הון. אָבער ווי נאָר חיים סאָלדאַט איז צוגעגאַנגען נענטער צום בעט, האָט זיך די שוואַרצע הון געגעבן אַ הייב אויף איבער זיין קאָפּ און אַזוי שטאַרק גענומען פאָכן און פאַטשן מיט אירע שטײַפע פליגלען, אַז חיים האָט געמוזט אַריבערוואַרפן איבער זיך דעם שינעל, וואָס ער האָט געטראָגן און אַנטלויפן צוריק צום טיש.

דענסטמאָל האָט אים די הון פאַרלאָזן און אַנטלאָפן אין קוך אַריין זיך באַהאַלטן אונטערן אויוון.

4.

# חיימס נייע באַקאַנטשאַפט.

אַ קורצע ווײַלע איז חיים פאַרטראַכט געזעסן אַ צעטומלטער און בשום-אופן ניט גע- קענט פאַרשטיין, וואָס פּונקט איז פאָרגעקומען מיט דער הון.

ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן ניט געזען אַז אַ הון זאָל זיין אַזאַ כעכנטע און מיט אַזאַ אימפּעט באַנוצן מיט די פליגלען.

— עפּעס גאָר אַ מאָדנע באַשעפעניש! צי אפשר איז דאָס גאָר אַ ווילדע וואַלד-הון אַהער פאַרפלויגן? און ווער ווייס ווי לאַנג ער וואָלט נאָך געטראַכט פון אָט דערדאָזיקער הון, ווען דער הונגער וואָלט אים ניט אָנגעהויבן נאָגן און פייניקן און ס'פאַלט אים איין צו באַנוצן זיך פאָרט מיט דער איי, וואָס איז זיכער פאַר- בליבן אויפן בעט.

ווי גרויס, איז אָבער געוואָרן זיין וואונדער, ווען ער האָט געפונען אויפן בעט אָנגעטאָט דער איי, אַ גרויסן בונט שליסעלאַך. שוין גאָר אַ טשיקאַווע גע־שיכטע! אָבער די שליסעלאַך קאָנען אים צונוץ קו־מען; און ער איז טאַקע באַלד אויך אין קיך אריין, וואו ס'איז געשטאַנען אַ גרויסער שפּייזאַלמער.

אין קיך האָט ער אויך נישט געהאַט קיין פריינד־לאַכע באַגעגעניש: ווי נאָר ער האָט געעפנט די טיר —האָט אַ שוואַרצער קאָטער אַזאַ מיאַ - מיאַ אַרויס־געלאָזט, פּונקט ווי חיים וואָלט אים אָנגעטראָטן אויפן עק.

האָט זיך חיים אַרומגעקוקט און דערזען, ווי דער קאָטער שטייט זיך מיט אַ פאַרכעניעם עק אויפן אייזן־פּיערט אויף אים מיט זיינע אויגן און ווייזט אים די נעגעלאַך זיינע.

— שוין גאָר אַ נייע אָנשיקעניש, גיט חיים אַ טראַכט, ווי כ'וואָלט זיי אַלעמען אין מאַמע געבוירן: דעם באָק, די הון און דעם קאָטער! אַלע אַזעלכע שלעכטע און שוואַרצע. נאָר ווער טראַכט דערפון, ווען חיים־באַלדאַט איז אַזוי הונגעריק. האָט ער באַלד אויפגעשלאָסן דעם שפּייזאַלמער און געפונען דאָרטן



בל־טוב: ברויט, פוטער, קעז, סמעטענע, פונקט עמי־
צער וואָלט דאָס פּאַר אים צוגעגרייט.

ס'איז אים אָבער ניט איינגעגאַנגען דאָס עסן,
ווייל דער קאָטער פון איווון האָט געהאַלטן אין איין
מיאַוקען, ווי חיים וואָלט די גאַנצע צייט געשטאַנען
אויף זיין עק, נעמט ער און טראָגט זיך אָפּ מיט זיין
עסן צוריק אין צווייטן צימער.

חיים איז אָבער אַריין, לאָזט זיך אויס, נישט

אין דעם גרויסן קרעטשמע־צימער, נאָר אין אַ קליי־
נעם, פיין צוגעקליבענעם חדרל, וואו ס'איז געשטאַנען
אַ ווייס פאַרבעטע בעט און לעבן איר אַ קינדער־בעטל.
אויפן טישל, ועט ער, זיצט אַ ווייסינקע טייבעלע,
דעם שנעבל פאַרלייגט אונטערן פליגעלע און אייפן
פענסטער שוועבט אַרום אַ בונטער שמעטערלינג.
איז חיימען דאָס טייבעלע זייער געפעלן געוואָרן.
איז ער צוגעגאַנגען צום טיש און די אַ גלעט געטאָן
פאַרן טשוביקל.
ווי נאָר חיים פאַלראַט האָט זיך צו איר צו־
געריר‍ט — האָט דאָס טייבעלע גלייך אַרויסגענומען
איר שנעבעלע פון אונ־
טערן פליגעלע, אַ דריי
געטאָן מיטן קאָפּ אויף
רעכטס און אויף לינקס,
ווי זי וואָלט זיך וועלן
גוט איינקוקן און איז
באַלד מאַקע אַרויפגע־
פלויגן צו חיימען אויפן
אַקסל און אַזוי געשמאַק
אָנגעהייבן צו וואָרקע־
ווען אים אין אייער
אַריין, אַז חיים האָט זיך



שיר ניט פֿונאַנדערגעװיינט פֿון גוטסקייט.

נאָך פֿון קינדװייז אָן האָט חיים ליב געהאַט טײַבעלאַך; אָבער אַזאַ איינע אַ װײַסינקע, אַ גוטינקע און אַ צוגעלאָזענע האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געזען.

האָט חיים זי אױפֿן האַנט גענומען און אָנגעהויבן שפּייזן זי מיט ברעקלאַך, װאָס זי האָט גערן געפּיקט.

באַלד האָט דאָס טײַבעלע געגעבן אַ פֿאָך צו צום פֿענסטער, מיט אַ פֿליגעלע דעם שמעטערלינג באַרירט, װי זי װאָלט אים עפּעס אַ סוד געזאָגט און גלייך נאָכדעם זײַנען זיי ביידע צוגעפֿלױגן צו חיימען און גענומען פֿלאַטערן און דרייען זיך אַרום אים, װי זיי װאָלטן געשטיפֿט.

און חיימען האָט אָנגעהויבן פֿאַרדריסן, אַלעמיר ער קען אויך נישט פֿליען מיט זיי צוזאַמען; ס'װאָלט דאָך אים אַזוי גוט געװען!

נאָר חיימען איז שוין אַזוי אויך עפּעס גוט געװאָרן אויפֿן האַרצן.

ער האָט דאָ געפֿונען אין שטוב אַ פּאָר באַשעפֿענישן, װאָס זײַנען אַרום צו אים אַזוי פֿיל פֿרײַנדלאַכקייט, גאָר ניט װי דער באָק מיט דער הון, און ס'האָט זיך אים שטאַרק פֿאַרװאָלט גוטס טאָן אָט די צוויי ליבטיקע באַשעפֿענישן.

ער וואָלט געווען גליקלאַך, ווען ער קאָן זיי מיטנעמען צו זיך אהיים, גיט זיך חיים אַ טראַכט און דאָ דערמאָנט ער זיך אָן זיין ווייב און קינד, וואָס בענקען נעבאַך אין שמאַכטן נאָך אים אָבער ווי קומט מען צו זיי? ווען דאָס טייבעלע קאָן ריידן, וואָלט ער זיך מיט אים אַן עצה געהאַלטן, וואָלט זי אים אפשר דערציילט, וואו ער איז אין דער וועלט, אָבער דאָס טייבעלע קען נאָר וואָרקעווען און זי וואָרקעט אים טאַקע אריין אין אויער אַזוי זיס און ליבלאַך, אַז עס ווערט אַ סך לייכטער אויפן האַרצן, פונקט ווי ער וואָלט שוין טאַקע געווען ביי זיין ריזלען מיטן קינד.

אָט אַזוי האָט זיך חיים סאָלדאַט כמעט אַ גאַנצן טאָג אָפּגעשפּילט מיטן טייבעלע און שמעטערלינג און אַלץ געוואַרט די מינוט, ווען ס׳וועט זיך דאָ באַווייזן אַ לעבעדיקער מענטש און אים אויפקלערן, וואו ער געפינט זיך אין דער וועלט און וואָס וועט דאָ זיין מיט אים.



V.

# אַ געשלעג אין קרעטשמע.

דאָס טײַבעלע אין דער שמעטערלינג האָבן חײַמען אַזוי בּאַרואיקט, פּונקט ער וואָלט שוין געווען בּיי זיך אין שטוב.

מער נישט איין זאַך האָט אים געפעלט:—אַ לעבּעדיקער מענטש, וואָס זאָל אים דערקלערן, וואָס אַזוינס טוט זיך דאָ אין דער דאָזיקער קרעטשמע און ווי ווייט איז דאָס פון דאַנען צו אים אַהיים. די שטאָט, טראַכט ער, מוז פון דאַנען זיין גאַנץ ווייטלאַך, ווייל די בּאַלעבּאַטים פון שטוב זיינען, קאָנטיק, אַוועקגעפאָרן אויף אַ יריד און אַט איז שוין דער צווייטער טאָג, ווי זיי זיינען נאָך אַלץ ניטאָ צוריק.

היינט בּיינאַכט אָדער מאָרגן וועט שוין זיכער עמיצער קומען און דעריבּער דאַרף מען זיך היינטיקע נאַכט גוט אויסשלאָפן, כּדי ער זאָל זיך מאָרגן קאָנען ווידער לאָזן אין וועג אַריין.

ביי די דאָזיקע גערעדנקען איז חיים סאָלדאַט צו־געגאַנגען צו דער גרויסער בעט, אויף וועלכער ס׳איז נעכטן געזעסן די שוואַרצע הון און האָט זיך אין איר אַריינגעלייגט.

ער האָט שוין לאַנג נישט געשלאָפן אויף אַזאַ ווייכער בעט און חיים איז טאַקע באַלד געשמאַק איינגעשלאָפן.

ס׳איז אים אָבער באַלד צו היים געוואָרן אין די בעטגעוואַנט און חיים איז אַ פאַרשלאָפענער אַראָפּ פון בעט, אויפגעעפנט די פענסטער און זיך ווידער אַריינגעלייגט.

שפּעטער אַ ביסל דערפילט ער, אַז ס׳איז אים מאָדנע שווער צו אָטעמען, אַז עמיצער שטיקט אים און דריקט אים אַזוי ביים האַלדז, אַז ס׳איז אים שווער אַפילו אויפצושרייען—האָט זיך חיים גענומען דרייען אַהער און אַהין, ביז וואַנען ער האָט די אויגן געעפנט און דערזען ביי זיך ליגן דעם שוואַרצן באָק, וואָס האַלט אים מיט די פאָדערשטע לאַפּעס אַרומגענומען ביים האַלדז.

איז חיים סאָלדאַט, ווי אַ משוגענער אויפגעשפּרונ־גען פון בעט און, נישט ווינדיק אַליין, וואָס ער טוט, האָט ער געכאַפּט עפּעס אַ פלאָקן, וואָס איז דערביי געשטאַנען און אָנגעהויבן שלאָגן דעם באָק.



האָט זיך דער באָק געגעבן אַ הייב אויף פון בעט און זיך אַ שטעל אַוועק מיט די פאָדערשטע לאַפּעס קעגן חיימען און אָנגעהויבן אַזוי דריגען מיט די הערנער און מעקען, אַז חיים איז דערפון נאָך מער צעטומלט געוואָרן און נאָך מיט אַ גרעסערן אימפּעט גענומען פּאַטשן מיטן שטעקן אויף רעכטס און אויף לינקס.

אויפן טומל זיינען אָנגעלאָפן פון קיך דער

שוואַרצער קאַטער און די הון און ס'האָבן זיך אויך באַוויזן דאָס טייבעלע מיטן שמעטערלינג און זיי אַלע האָבן אויף פאַרשיידענע ־רכים זיך גענומען דרייען און ווילדעווען אַרום חיימען, ווי זיי וואָלטן זיך ביי אים געבעטן: „הער אויף, הער אויף!", אָבער חיים אַליין האָט שוין נישט געוואוסט אויף וואָסער וועלט ער איז און ער האָט זיך אַזוי לאַנג נישט באַרואיקט, כל־זמן דער באַק האָט נישט געגעבן אַ שפּרונג אַרויס פון דעם אָפענעם פענסטער אין הויף אַריין און נאָך אים — די הון, דער קאָטער, דאָס טייבעלע און דער שמעטערלינג...

האָט חיים מיט בעם צוגעקלאַפּט די פענסטער און זיך ווידער אַריינגעוואָרפן אין בעט אַריין, זיך איבערגעצויגן מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ און איז באַלד טאַקע ווידער איינגעשלאָפן.

קומט אים ווידער אַמאָל דער טאַטע זיינער צו חלום און הייבט אים אָן מוסרן, אַלעמיי ער, חיים האָט אָפּגעטאָן אַזאַ וינדיקע זאַך און געשלאָגן די אייגענע מישפּחה זיינע.

דערפאַר אָבער דאַרף ער דאָ מער נישט בלייבן אין וואָס גיכער אַוועקגיין צוריק אין וואַלד אַריין, פון וואַנען ער איז אַהין געקומען, נאָר אייב ער וועט אין וואַלד געפינען אַ קליין־קליין שטיבעלע מיט איינע־

ציקן פענסטערל—זאָל ער זיך דריי מאָל ארומדרייען
און זאָגן:

„לייז מיך אוים פון מיין פיין,
איך וועל זיין גוט און פיין
איך וועל זיין, איך וועל זיין"...

און חיים סאָלדאַט האָט אזוי הויך אָנגעהויבן שרייען פון שלאָף: „איך וועל זיין, איך וועל זיין!" אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין אייגענעם געשריי, די אייגן געעפנט און זיך ארומגעקוקט, וואו ער איז אין דער וועלט.

ער האָט אָבער דערזען, אַז ער איז נאָך אַלץ אין דערזעלביקער קרעטשמע און מע זעט נאָך אַלץ נישט קיין לעבעדיקן מענטשן—דאַרף מען אויפשטיין גיין זען, וואָס עס מאַכט דאָס טייבעלע מיטן שמע־טערלינג.

אַזוי שטאַרק האָט אים געצויגן צו זיי.

— ס׳איז דאַך געווים געווען נישט מער ווי חלום דאָס אַלץ, וואָס מיר האָט זיך אָנגעפלאָנטערט פאַר דער נאַכט.

אָבער ווי גרוים איז געווען זיין שרעק, ווען ער האָט זיי דאָרטן אין צימער נישט געטראָפן.

הייסט עס, אַז אַלץ איז אַן אמת, אַז דער באָק האָט טאַקע געשלאָפן מיט אים אין איין בעט און

ער האָט זיי פֿלעכטן פֿון שטוב פֿאַרטריבן.

איז ער אַריין צוריק אין גרויסן קרעטשמע-צי־מער, דערזען אויף דער ערד וואַלגערן זיך שוואַרצע און ווייסע פֿעדערן פֿון דער הון און דעם טייבעלע, דערזען אויך אַ בינטל האָר פֿונם באָקם בערדל, און ווי באַלד אַזוי איז דער חלום מיטן טאַטן אויך אמת, דאַרף מען אים, הייסט עס, פֿאָלגן, דאַרף מען פֿון דאַנען וואָס גיכער אַוועקגיין. און נישט לאַנג געטראַכט —האָט חיים גלייך אָנגעצויגן אויף זיך דעם שינעל און זיך געלאָזט גיין מיט האַסטיקע טריט צום וואַלד, ווי עמיצער וואָלט אים פֿון דאַנען געטריבן, אָדער ווי ער אַליין וואָלט וועלן פֿון דאַנען וואָס גיכער אַנטרי־נען און האָט אָנגעהויבן חזרן דעם פּסוק, וואָס עמי־צער האָט אים, ווי אין אויער איינגערוימט:

„לייז מיך אויס פֿון מיין פּיין,
איך וועל זיין גוט און פֿיין,
איך וועל זיין, איך וועל זיין"...



VI.

## דער כּישוף ווערט אָפּגעטאָן.

ווען חיים סאָלדאַט איז צוגעגאַנגען נענטער צום וואַלד, האָט ער דערזען דעם באָק מיטן קאָטער, ווי זיי וואַלטן זיך אַן עצה געהאַלטן און באַלד נאָכדעם זיך אַלאָז געטאָן צוריק צו דער קרעטשמע.

שפּעטער אַ ביסל האָט ער אויך אָנגעטראָפן די שוואַרצע הון, ווי זי שטייט איבער דעם טייבעלע און שנאָבלט איר עפּעס אונטער אַ פליגעלע. ווי נאָר זיי האָבן אים דערזען—האָבן זיי זיך געגעבן אַ הייב אויף און אויך אַוועקגעפלויגן צו דער קרעטשמע צו.

דער שמעטערלינג האָט זיי נאָכגעפלאַטערט.

האָט חיימען אָנגעהויבן ציען ביים האַרצן און ס'האָט זיך אים געחלעשט אומקערן זיך אויך צו דער קרעטשמע אַ קוק טאָן וואָס עס מאַכן דאָס טייבעלע מיטן שמעטערלינג, נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס דער טאַטע האָט אים אָנגעזאָגט און ס'איז ביי אים געבליבן פאָלגן דעם טאַטן.

אפשר וועט ער זיך פארט ווי עס איז ארויס־
קלייבן פון אט דעם פארשאלטענעם ווינקל.

גייט ער אזוי אין וואלד; וואס ווייטער — אלץ
געדיכטער און פינסטערער, פונקט דער וואלד וואלט
נישט וועלן ארויסלאזן פון זיך די נאכט.

גייט ער אזוי א שעה צי צוויי, צי אפשר גאר
א גאנצן טאג, ווייל היים האט שוין פארלארן דעם
חשבון פון צייט און שטח און וואס ווייטער ער גייט,
אלץ שווערער ווערט דער וועג, מחמת ס׳קומט אים
אויס דורכצוקריכן דורך ווילדע דארן־קוסטעס און
וואָרצלען, וואס מ׳קאן יעדע רגע אן זיי געשטרויכלט ווערן.

גייט ער אזוי און גייט, ביז עס גיט אים פלוצ־
לונג א בליאסק עפעס א פייערל דורך די קוסטעס —
מיינט ער, אז אפשר האט זיך דאס א ווילדע חיה
פארשטעקט הינטער די קוסטעס און וויל אים פאר־
צוקן — איז ער שטיין געבליבן און זיך גענומען צוקוקן —
זעט ער, אז דאס פייערל באוועגט זיך נישט און ס׳איז
נאר איינער נישט צוויי — איז דאס קיין חיה נישט.
ווערט ער ביי זיך אביסל שטייפער, גייט ער צו
נעענטער און דערזעט באלד א קליין איינגעבויגן הייזל
צווישן די קוסטעס — מיט איין איינציקן פענסטער
און פון פענסטער ארויס בלינצלט א לעמפל — האט
ער זיך באלד דערמאנט אן דעם פסוק, זיך גענו־

מען דרייען אַרום הייזל און שעפּטשען :

לייז מיך אוים פון דעם פּיין,
איך וועל זיין גוט און פיין,
איך וועל זיין, איך וועל זיין"...

און ווי נאָר חיים סאָדראַט האָט צום לעצטן מאָל אַרויסגעזאָגט : „איך וועל זיין"—איז פונם קדיי־נעם פייערל געוואָרן אַ פלאַקער און פון פלאַקער אַ העלישער פייער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנ־צע הייזל פון אַלע פיר זייטן און באַלד נאָכדעם האָבן אָנגעהויבן ברענען די אַרומיקע ביימער אין קוסטעס און ס'איז געוואָרן פול רויך, טשאַד און סמאָלעניש, אַז חיים האָט זיך קוים אָפּגעטראָגן און מיט די לעצטע כוחות גענומען לויפן פון דאָרטן. נאָר וואונדער איבער וואונדער: ער איז אָפּגעלאָפן אפשר אַ פּאָר מינוט, ווי ער איז אַרויס אויפן ברייטן פעלד און ווידער אַמאָל דערזען די קרעטשמע—זעט ער, אַז פון קוימען גייט אַ רויך—אַ סימן, אַז דאָרטן זיינען שוין פאַראַן מענטשן, וואָס הייצן דעם אויוון און ער איז אַוועק אַהין.



.VII

## חיים סאָלדאַט קומט צו זיך.

ווען חיים סאָלדאַט איז מיט שרעק און נייגעריקייט צוגעגאַנגען נעענטער צו דער קרעטשמע—האָט ער דערזען אויפן הויף עפּעס א שייגעץ האַקט האָלץ, האָבן זיי זיך איינער דעם אַנדערן גענומען שטאַרק אָנקוקן, ביז חיים סאָלדאַט גיט אים אַ פרעג, ווער אַזוינס וואוינט דאָ אין דער קרעטשמע. זאָגט אים דער שייגעץ, אַז דאָ וואוינט פייבוש אַרענדאַר מיט זיין פרוי און טאָכטער.

— וואָס, פייבוש אַרענדאַר?—האָט אים חיים איבערגעפרעגט, און איז דערביי בלייך געוואָרן, ווי די וואַנט.

— איר זייט אַ יאַדאַי, וייער פאַרכאַטערט פון וועג—האָט צו אים דער שייגעץ גענומען טענען, קומט אַריין אין שטוב, אַגב ווייסט איר אפשר פון זייער חיימען, וואָס איז אין געבאַגענישאַפט. איר זייט דאָך קאָנטיק, אויך פון דאָרטן...

אָבער חיים סאָלדאַט האָט שוין נישט געהערט

מער, וואָס דער שייגעץ רעדט צו אים, ווייל ס׳האָט זיך אים פלוצלונג אַזוי פאַרדרייט דער קאָפּ, אַז ער האָט שוין נישט געקאָנט מער איינשטיין אויף די פיס און זיך, ווי אַ שווערער זעקל, אַראָפּגעלאָזט אויף די האָלץ, וואָס איז דערבײַ געלעגן. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען חיים סאָלדאַט איז געקומען צו זיך האָט ער דערזען, אַז ער ליגט אין בעט, וואָס אין אַ קליי-נעם צימער און לעבן אים זיצט רייזל זיין ווייב ביי אַ טישעלע פול מיט רפואות.

אַ קליין מיידעלע איז אים צופיסנס געזעסן און אַלע ווײַלע צוגעשריען:

— טאַטע, טאַטעלע מײַנער!

— זעט נאָר, טייערינקע, וואו בין איך דאָס און ווי אַזוי קומסטו אַהער, רייזעלע מײַנע!..

האָט אים רייזל באַרואיקט און ביסלאַכווײַז אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי אַזוי מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט מיקאָלקע דער שייגעץ, וואָס דינט ביי זיי אין שטוב איס אַריינגעפירט אַ פאַרחלעשטן פון הויף, ווי אַזוי זיי האָבן אים אַלע באַלד דערקענט, נאָר זיי האָבן שוין געמיינט, אַז ער שטאַרבט דאָ חלילה, אַזוי קראַנק איז ער געווען.

— וואָס, רייזעלע, בין איך דען קראַנק געווען?

— יע, טייערער, ווייער קראַנק, גאַנצע צוויי וואָכן פון היץ גערעדט.

— פון היץ גערעדט? האָט חיים פאַרוואונדערט איבערגעפרעגט.

— האָסט פון אַ וועלכע משוגעדיקע וואָכן גערעדט, אַז מיר פלעגן זיך שטעלן די האָר קאַפּויר, האָט אים רייזל געזאָגט, אָבער מע דאַרף זיך נישט דער־מאָנען פון דעם. ביזט דאָך שוין געזונט און ס'וועט אַלץ גוט ווערן.

— אָבער ווי אַזוי קומט איר אַהער אין אָט דער דאָזיקער קרעטשמע? האָט זיך חיים נישט גע־קאָנט באַרואיקן.

האָט אים רייזל גענומען דערציילן, ווי אַזוי דעם שונאס חילות האָבן זייער שטעטל פאַרוויסט און ווי אַזוי זיי זיינען געלאָפן ביז זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו אָט דער קרעטשמע, וואו זיי זיינען שוין פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

— און ווער איז דאָ פריער געווען? האָט חיים סאָלדאַט מיט נייגעריקייט אַ פרעג געטאָן.

— פריער האָט דאָ געוואוינט עפּעס אַן אַל־טער דוקס, *) נאָר דעם שונאס חילות האָבן אים

*) דוקס — א פּריץ

פאַרטריבן פון דאַנען און נאָכדעם האָבן זיי אונז די קרעטשמע פאַרקויפט.

— און וואו איז ער איצטער דער דוקס? האָט חיים סאָלדאַט ווייטער גענומען פרעגן, ווי ער וואָלט זיך וועלן עפּעס קלאָר מאַכן. און רייזל זיינענדיק צע־פרידן, וואָס חיים ווערט שוין געזונט, וואָס חיים אי־בער רעדט שוין און אינטערעסירט זיך מיט אַלק— האָט אים רייזל ביסלאַכווייז = ביסלאַכווייז איבערגע־געבן פון אַלק, וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט פאַר דער גאַנצער צייט, זינט ער איז נישט געווען מיט זיי און אפילו אויך פון דעם, וואָס מ׳האָט זיי איינגעשמועסט, אַז ער איז שוין לאַנג געשטאָרבן אין געפאַנגענ־שאַפט און דערפאַר טאַקע האָבן אירע עלטערן, חיים׳ס שווער און שוויגער קיין זאַך נישט געשיקט אים און שוין גאָר מיִאָש געווען זיך פון אים.

— און וואו זיינען דאָס די עלטערן, פאַרוואָס זעט מען זיי נישט? האָט זיך חיים סאָלדאַט פּלוצ־לונג דערמאָנט, ווייל ער האָט זיי נאָך טאַקע גאָר נים געזען.

— די עלטערן, טייערער, זיינען אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אַריין איבערשרייבן אויף דיין נאָמען די קרעטשמע מיט זייער גאַנצן האָב און גוטס. ווייסט דאָך, אַז זיי זיינען געווען זייער קאַרגע און צייטנווייז

אפשר אויך שלעכטע, נאָר ווען זיי האָבן דיך דער־
זען, ווי דו ליגסט, נעבאַך, אַ קראַנקער און ווי דו
האָסט זיך, נעבאַך, אָנגעליטן אַזוי פיל—האָבן זיי באַ־
שלאָסן אַלץ איבערגעבן דיר, אַבי נאָר דו זאָלסט זיי
מוחל זיין, פאַרוואָס זיי זיינען זיך מיט דיר אַמאָל
שלעכט באַגאַנגען.

— און ווי וועט זיין, אַז דער דוקס, דער גע־
וועזענער באַלעבאָס, וועט קומען מאָנען זיין קרעטשמע
צוריק ?

— ניין, ער וועט שוין נישט קומען, דער דוקס,
מ׳זאָגט, אַז ער איז גאָר משוגע געוואָרן און טרייבט
כישוף אין וואַלד.

— וואָס, ער טרייבט כישוף אין וואַלד ? האָט
זיך חיים אָנגעכאַפּט, פּונקט עס וואָלט פאַר איב
פּלוצלונג אַנטפּלעקט געוואָרן אַ גרויסער סוד.

— אַ דאגה דיר אַ גרויסע, וואָס אַרט דאָס
דיר ! האָט איס רייזל גענומען באַרואיקן.

— גיב מאָר מען מיט דיר גאָרנישט ריידן אַזוי
לאַנג. באַרואיק זיך, באַרואיק זיך. אַז דו וועסט גאָר
אינגאַנצן געזונט ווערן—וועלן מיר זיך דענסטמאָל
אָנריידן, וויפל דיין האַרץ געלוסט.

אָבער וואָס מער רייזל האָט איס אָנגעהויבן צו
באַרואיקן, אַלץ גרעבער איז געוואָרן ביי חיימען דער

פלאָנטער אין קאָפּ.

ער האָט שוין גאָר אינגאַנצן אויפגעהערט צו פאַרשטיין, וואָס אַזוינס עס איז דאָ פאָרגעקומען מיט אים. צו איז דאָ טאַקע געווען אַכּישוף, צו אפשר גאָר נישט מער, ווי אַ בייזער חלום, ווי רייזל ווינע וויל אים אײַנרײַדן.

— ווער קאָן וויסן, וואָס עס קאָן פאָרקומען מיט אַ קרעטשמע אויף אַ מיטן שליאַך?...

ער האָט זיך אָבער באַלד דערמאָנט, אַז ער איז עפּעס געווען אַ סאָלדאַט און האָט שוין אין זיין לעבן אַזוי פיל דורכגעמאַכט און דורכגעלעבט און אַז ער איז איצטער אויפצודעראָמען טאַקע ווי־דער ביי זיין רייזעלען און ביילקען, זיין טאָכטערל, וואָס איז פאַר דער צייט געוואָרן אַ גאָר היפּשע מיידעלע—האָט ער זי צוגערופן צו זיך, גענומען זי גלעטן פאַרן קעפּעלע און פרעגן:

— ווילסט, ביילינקע, איך זאָל דיר דערציילן אַ מעשה מיט אַ שוואַרצן באָק, אַ קאָטער און אַ הון?

— יע, טאַטעלע, איך וויל! האָט זיך ביילקע־לע אָנגעכאַפּט.

— און פון אַ טייבעלע מיט אַ שמעטערלינג?

— אויך, טאַטעלע, אויך! האָט ביילקעלע שטי־פעריש גענומען חיימען קושן.

— איז גוט! האָט חיים סאָלדאַט צוגעשמייכלט און גענומען מיט גרויס הנאה דערציילן אַ מעשה מיט אַ פאַרביסענעם קרעטשמער, וויאַזוי ס׳איז דאָ אויבן באַשריבן געוואָרן און ווען ער האָט זי געענדיקט, האָט ער בײלקעלען זײַנער אַ פרעג געטאָן:

— איצטער, טאָכטערל, זאָג מיר, ווער איז דאָס געווען דער שוואַרצער באָק, די הון אויפן בעט, דער קאָטער אין קיך און ווער די ווייסינקע טײַבעלע און דער שמעטערלינג?

— נו, טאָכטערל, טרעף אָפּ!



